דעם קאפ פאר איהם מיט דרך ארץ, אלס א מענש וועלכער איז טיף איבערצייגט אין דעם אמת פון זיינע פרינציפען. אזא פאנאטיקער דארף מען אויפקלערן און איבערצייגען.

אונזער רעליגיעזע פאנאטיקער, די גרויסע מארטירער פאר דער יודישער אמונה זענען געוועזען און וועלען זיין דער שטאלץ פון גאנצען יודענטום. זיי זענען אומגעקומען אויף קדוש השם אויף די שייטערהויפענס און מיט „שמע ישראל" האבען זיי אויסגעהויכט זייער נשמה פאר דעם יודישען דת. זיי זענען דורכגעגאנגען די גרעסטע צרות און מאטערנישען. זיי האבען מקבל געווען באהבה די שרעקליכסטע פיינונגען און פערפאלגונגען, ווייל טיף געגלויבט האבען זיי, הייליג איז זיי געוועזען דער יודישער דת, טייער איז זיי געוועזען די יודישע תורה.

היינט האבען מיר אויך א זאלכע יודען. דאס זענען אבער נישט די „מאכערס", וועלכע אויסערליך ווייזען זיי זיך פאר פרומע און אין הארץ טראגען זיי שקר און בעטראָג.

פעהיג צו אלע געמיינע מעשים ברענגען זיי נאר שאדען און בזיון דעם יודישען פאלק ווייל אונזערע שונאים קלויבען זיך תמיד אויס די געמיינסטע פון אונז, בכדי זייערע מעשים ארויפצולעגען אויף דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג.

און איצט איז א וואונדער אז די אזויגערופענע „אָרטאדאקסיע" קלויבט זיך אויס אלס אפוטרופסים פשוטע פארעטער, מענשען, וועלכע האבען קיין שום שייכות נישט מיט יודישע רעליגיע? עס גענוגט בלויז צו זיין א געגנער פון ציוניזם קאן מען שוין ווערען נישט נאר בלויז א געטרייער בן-ברית נאר א אנגעזעהענער פיהרער פון דער „ארטאדאקסיע". מעגסט שפייען אויף יעדע רעליגיאזיטעט, מעגסט צערייסען אלע פעדים, וועלכע פארבינדען דיך מיטן יודענטום, מעגסט אפילו אויסשמד'ן די קינדער מיט דער גאנצער משפחה פאר עפיס א עלענדע קאריערע, טאמער ביזט דו נאר א שונא-ציון, קאנסט ידו שוין זיין א ליבער חבר און א האכווירדיגער רעפרעזענטאנט פון דער „ארטאדאקסיע". דער עיקר זאלסט דיך נאר גוט אויסקאנען אין מסירות אויף ציוניסטען ביים פריץ, זאלסט דיך גוט אויסקענען אין הלכות בגידה פון יודישע פאלקסאינטערעסען.

די דאזיגע „ארטאדאקסיע" האט פיינט די ציוניסטען, ווייל מיר ציוניסטען דעמאסקירען זיי אויף שריט און טריט, מיר ווייזען דעם פאלק זייער פרצוף, מיר רייסען פון זיי אראב די מאסקע פון הייליקייט און בזה האופן פארשליסען מיר זיי דעם וועג צו דער ממשלה אין דער יודישער גאס, וועלכע דינט זיי פאר א גוט מעלקענדיגע קוה...

די אָטאָ „ארטאדאקסיע" וועלען מיר בעקעמפען מיט דער גרעסטע פערביסענקייט ביי דער איצטיגער וואהל-אקציע. עס וועט נישט העלפען, אויב דא און דארט געפונט זיך אויף דער ארטאדאקסישער ליסטע א ערענטליכער מענש, ווייל דער, וואס פארבינדעט זיך מיט בעטריגער, מוז אויך אלס א זאלכער בעטראכט ווערען.

כל זמן די באמת פרומע יודען וועלען זיך נישט עפענטליך אבזאגן פון זייערע אפוטרופסים, וועלכע רעדן און טוען אין זייער נאמען, כל זמן זייער רעליגיאזיטעט איז א פראבלעמאטישע און שטייט אונטער א גרויסען פראגע-צייכען... אזוי לאנג וועט אויך אונזער קאמף מיט דער ארטאדאקסיע זיין אומרחמנות'דיג און ריקזיכטלאז.

# ווער פארטיידיגט די תורה?

זונטאג דעם 24 יוני 1934 וועט דער יודישער וועהלער גערופען ווערען צו דער וואהל אורנע, כדי ארויסצוזאגען זיין מיינונג וועגען דעם גורל פון דער יודישער קהלה אין טארנע. דער פשוט'ער מענש וועט איצט מיט זיין שטימצעטל ענטשיידען ווער עס זאל זיצען אין דער קהל-שטיב און ווער עס זאל פערוואלטען מיט די געלדער וועלכע מען נעמט פון טויטע און לעבעדיגע.

אזש אכט ליסטען גייען צום וואהל-קאמף. 3 ליסטען פריוואטע, 3 חסידישע, איינע פון די בעלי מלאכות און איין ליסטע די ציוניסטישע.

אויף וועמען צו שטימען איז לייכט זיך צו אריענטירען. וועגן די 3 פריוואטע ליסטען דארפן מיר נישט אסך צו רעדן. זיי האבען נישט קיין שום פראגראם, קיין שום אידעע. פשוט. א יעדען פון די אדונים האט זיך פארגליסט א בענקעל און גארנישט. א יעדער פון זיי וויל ווערען א איש מכובד אין שטאט, א פארזארגער, ער האט חשק און באסטא. אבהענגיג איז נור פון די וועהלער צי וועלן זיי זיין אזוי לייכטזיניג און אבגעבען זייער שטימע נאר בכדי צו בעפרידיגען די אמביציעס פון די דאזיגע יחידים, וועלכע קיינער קאן נישט, קיינער ווייסט נישט פון זיי. מיר זענען זיכער, אז די וועהלער וועלען מיט א בטול אריבערגעהען צום סדר היום איבער די דאזיגע ליסטען.

פארהאן אבער אזש דריי ארטאדאקסישע ליסטען. אלע שרייען געוואלט, אז זיי ווילען מציל זיין די תורה און דת. פון וועלכער געפאהר ווילען זיי דאס ראטעווען די תורה, קאן קיינער נישט וויסען. עס פרעגט זיך נאר, אויב אלע ווילען נאר ראטעווען איין תורה און איין דת, צו וואס ווידער אזש דריי ליסטען? מיינען זיי ערנסט די פערטיידיגונג פון דער תורה, פארוואס שלאגען זיי זיך ארום צווישען זיך, צו האט דען די אגודה א אנדערע תורה, די קלויז א אנדערע און באבאוו ווידער א אנדערע? ווער איז ווידער דער אייגענטליכער פארטיידיגער פון דער תורה? די אגודה? די קלויז? צי באבאוו? מיר קאנען איבריגענס שוין די אלע גאט-פערזארגערס, וואס האלטען אין איין ראטעווען דאס יודישקייט. די וועהלער קאנען שוין צו גוט די אלע פאטענטירטע „ארטאדאקסען" וועלכע האבען זיך גענומען א מאנאפאל אויף פרומקייט און תורה און אין נאמען פון דער תורה מאכט מען כשר כל מיני פסלנות, מסירות און רכילות, שקרים און לשון הרע. דאס אלעס טוט מען מיט פארגלייזטע אויגען אין נאמען פון גאט, תורה און יראת שמים.

יאהרען לאנג האבען מיר בעקעמפט דעם דאזיגען שווינדעל און מיר האבען — מיט ערפאלג — בעוויזען, אז מענשען וואס זענען פעהיג צו שענדליכע מעשים האבען נישט קיין רעכט זיך אויפצווארפען אלס פארטיידיגער פון דער תורה, וועלכע — אויב זי זאל איבערהויפט באדארפען פארטיידיגער — וואלט מען זי בעדארפט קודם כל שיצען פאר איהרע אומגעבעטענע בעשיצערס. אבער תמיד שווימען זיי ווידער ארויף אויף דער אויבערפלעכע פונם געזעלשאפטליכען לעבען. תמיד ווען עס מאכט זיך נאר א יריד אויף בענקלעך, קומען זיי מיט דעם תורה-קרעמעל און מיט דעמזעלבען עזות, מיט דעמזעלבער חוצפה נעמען זיי א פול מויל מיט יראת שמים און געהען „ראטעווען" די תורה פאר די ציוניסטישע אפיקורסים. איצט איז דער שקר בולט ארויס. א יעדער זעהט בחוש, אז די דאזיגע אדונים מיינען גאר נישט די תורה און דת, נאר לגמרי עפיס אנדערש, דהיינו כבודים און פאסטענס.

וואלטען זיי געמיינט ערנסט מיט דער פערטיידיגונג פון דער תורה, וואלטען זיי בעדארפען ביי די איצטיגע וואהלען אויסקלויבען די פעהיגסטע און פרומסטע צווישען זיך און שטעלען זיי אין דער שפיץ פון דער ארטאדאקסישער ליסטע. דא וואלט בעדארפט זיין נאר איין איינציגע ליסטע, ווייל ס'איז נאר דא איין איינציגע תורה.

וואס זעהען מיר אבער איצט? אזש 3 ליסטען טרעטען ארויס מיט א פראגראם פון פערטיידיגען די תורה, אזש דריי רעטונגס-געזעלשאפטען קומען ראטעווען דאס יודישקייט. און דא מוז זיך א יעדער פרעגען: ווער האט די פולמאכט? וועלכעס יודישקייט ראטעווען די וואס טרעטען ארויס אונטער דער פירמע פון דער קלויז, וועלכע תורה פארטיידיגט באבאוו און וועלכע וויל מציל זיין די אגודה?

מיר האבען אויף די דאזיגע פראגען איין קלארע און דייטליכע תשובה: קיינער האט נישט דאצו קיין פולמאכט. די תורה דארף נישט קיין בעשיצער, ווייל קיינער גרייפט זי נישט אן, און ווען זי זאל טאקי יא נויטיגען אין א פערטיידיגער, איז דאך דא דער רבונו של עולם, וועלכער בעשיצט זיין תורה שוין טויזענטער יאהרען, טא וועט ער זיך ווייטער אויך אליין א עצה געבען

די עסקנים מיינען אבער בכלל נישט די תורה און דת. אונטער דער מאסקע פון תורה און יראת שמים דעקט זיך א מאנדאטען יעגעריי, א נאכלויפען נאך כבודים און מאכט. און צו דעם צוועק מיסברויכט מען די תורה.

די ענטשיידונג ליגט איצט אין די האנד פון דעם וועהלער און צום גליק אריענטירט ער זיך גאנץ געניי אין די אלע יראת שמים קאמעדיעס און ווייסט געניי וואס עס בעהאלט זיך אונטער דער מאסקע פון מלחמת מצוה פאר די תורה. ער ווייסט גאנץ גוט, אז די אלע וואס איצט ביי די וואהלען רוממות אל בפיהם איז שבע תועבות בלבם. און דערפאר זענען מיר זיכער, אז אין טאג פון די וואהלען וועלען די וועהלער הייסען אלע מכלומרשטע גאטס-פערזארגער זיצען אין דער היים און אלע וועלען שטימען ווי איין מאן אויף ליסטע נר. 5

ח"ה

# פאר וואס נאר מיר?

מיט אט דער פראגע בעגעגנען מיר זיך זעהר אפט, ווען מיר טרעטען אויף פאר דער יודישער עפענטליכקייט און פערלאנגען איהר פערטרויען ביים בעזעצען פון וועלכער ס'איז פאליטישע אינסטיטוציע. אונזערע געגנער קומען אפט מיט דער טענה „פאר וואס תמיד ציוניסטען און איבעראל ציוניסטען? האבען דען די ציוניסטען א מאנאפאל אויפן יודישען פאלק?" דעם פשוטן מענש קאן זיך מאנכמאל דאכטען, אז די טענה איז טאקי א גערעכטע, ס'טייטש קאן ער מיינען, ס'זעהט דאך אויס ווי א מין פארטייעגאָאיזם, ווען מיר קומען מיט דער פאדערונג, אז דאס יודישע פאלק זאל אונז איבערגעבען, אזוי צו זאגען, זיין גענעראל-פערטרעטונג, אבזאגענדיג א יעדער אנדערער פאַרטיי דאס רעכט די דאזיגע פערטרעטונג צו איבערנעהמען.

פאר אט די נישט-פאליטיקער, וועלכע קלערען נישט פיל אריין און לאזען זיך פון אזא כלומר'שטער לאָגיק בעאיינפלוסען איז כדאי א פאר ווערטער צו זאגען.

קודם מוז פעסטגעשטעלט ווערען, אז דער ציוניזם איז נישט קיין פארטיי — דער ציוניזם איז די בעיאהונג פונם יודישען פאלקס-ווילען, ער איז די קרעפטיגע אונטערשטרייכונג פונם יודישען רצון צו לעבען אלס פאלק, מיט אנדערע ווערטער: דער ציוניזם איז די יודישע נאציע. ער איז דאס יודישע פאלק אנגעטוען אין ארגאניזאציאנס-פארמען. ס'איז נישט דא קיין פארטיי אין יודענטום, וועלכע זאל נישט קענען פערווירקליכען איהר פראגראם אינוועניג, אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע ס'איז נישט דא קיין יוד, אויב ער בעקענט זיך צו זיין יודענטום און וויל זיין יודענטום דערהאלטען, ער זאל נישט קאנען צוטרעטען צו דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. אונזער פראגראם איז דאס פראגראם פונם יודישען פאלק, מיר ווילען זיין, ווי הערצל האט געזאגט, א פאלק איין פאלק (בעטאנט איז אין דעם זאץ אונזער פאלקסכאראקטער און די איינציגקייט און גאנצקייט פון אונזער פאלק) ווער קאן זיך נאך בעקענען צום יודענטום, ווען ער זאל אויף דעם דאזיגען פראגראם-פונקט נישט שווערען? מיר ווילען, אלס פאלק, האבען אונזער אייגען לאנד און מיר בויען, אלס בעוואוסטע יודען, אונזער אלטע היסטארישע היים, אונזער א"י. מיר ווילען אלס פאלק, בעלעבען אונזער נאציאנאלע שפראך און אונזערע אלטע קולטור, מיר ווילען זיך נישט צירען מיט פרעמדע פעדערן, ווייל מיר פערמאגען א אייגענע נאציאנאלע צירונג, עלטערע און שענערע ווי דאס פון אנדערע פעלקער און מיר ווילען אונזער יוגענד ערציהען אלס שטאלצע בעוואוסטע יודען, וועלכע זאלען קאנען דערהאלטען דאס פאלק אין דער צוקונפט. וועלכער יוד קאן עפיס געגען דעם איינוועגדען, נישט אבנארענדיג זיך און אנדערע? אט דאס: פאלק, לאנד און שפראך, דאס איז יודענטום, דאס איז ציוניזם. ווער ס'קאן מאכען א אונטערשיד צווישען די צוויי בעגריפען, דער קאן זיך פערדינען א פרעמיע פאר שטעלען די לאגיק און דעם געזונדען מענשען פערשטאנד אויפן קאפ.

אמת איז, אז נאך נישט אלע יודען געפונען זיך אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, אבער דאס איז נישט די שולד פונם ציוניזם. דער ערציהונג-פראצעס איז נאך נישט געענדיגט. די ארבייט, וועלכע דער ציוניזם לייסטעט שוין זייט 50 יאהר, דער היילונגס-פראצעס פונם יודישען פאלק אויס זיין גלות-קראנקהייט מאכט פארטשריטע און עס טרעטען צו צו דער ציוניסטישער אידעאלאגיע וואס אמאל ברייטערע קרייזען. די דאזיגע עלעמענטען אבער, וועלכע זאגען זיך אב בעוואוסט פון די ציוניסטישע אידעאלען, די האבען זיך דערמיט אבגעזאגט פון די אלגעמיין יודישע אידעאלען. די דאזיגע עלעמענטען האבען געבראכען מיטן יודענטום און האבען דערפאר נישט קיין רעכט אויף פאליטישע פערטרעטונג פונם יודישען פאלק.

מיר שטעלען אונזערע געגנער אדער — בעסער געזאגט — אונזערע מאנדאט-קאנקורענטען קלאר און דייטליך די פראגע: זענט איהר מודה אן די אויבען דערמאנטע דריי עיקרים, וועלכע זענען די קווינטעסענץ פונם יודענטום און די קווינטעסענץ פונם ציוניזם: א יודיש פאלק, א יודיש לאנד און א יודישע נאציאנאלשפראך? יאָ אדער ניין! זענט איהר מודה, דאן זענט איהר ציוניסטען און די טויערן פון דער ארגאניזאציע שטעהען פאר אייך אפען. איהר וועט מיט אונז צוזאמען קאנען ענטשיידען איבער קאנדידאטורען און מאנדאטען. נישט איינער פון אונזערע בעסטע וועט אייך אבטרעטען זיין פלאץ, אויב אייערע פעהיקייטען לטובה פון דער זאך וועלען זיך ארויסווייזען אלס בעסערע. זענט איהר אבער נישט מודה, דאן פערשטייט זיך, קאנט איהר נישט זיין קיין ציוניסט, אבער דאן זאל אייך נישט פערדריסען, אז מיר גלויבען נישט אן אייער יודענטום. יעדענפאלס איז עס אונזער חוב, נישט נאר אלס ציוניסטען, נאר טאקי אלס יודען, אייך נישט צוצולאזען צו קיין פערטרעטונג פון אונזער פאלק, אין וועלכער אינסטיטוציע ס'זאל נישט זיין. אויב איהר זענט נישט מודה אן דעם יודישען פאלקסטום, טאָ וועט איהר זיין שקלאפען ביי פרעמדע פעלקער. וועט איהר נישט וועקען דאס יודישע בעוואוסטזיין, נאר איהר וועט טראכטען עס איינצושלעפערען. מיר ווילען אבער האבען א קהלה וואס זאל זיין דער אוואנגארד אין אונזער נאציאנאלען קאמף אין גלות. אויב איר זענט נישט מודה אין ארץ ישראל אלס אונזער היסטארישע היים, טא וועט איהר קיין אינטערעסע נישט האבען אן דעם אויפבוי פון דער דאזיגער היים. מיר אבער ווילען האבען א קהלה, וועלכע זאל האבען ישוב ארץ ישראל אלס איינעם פון די ערשטע און וויכטיגסטע פונקטען פון איהר רעליגיעז און נאציאנאל-פראגראם. (איך אונטערשטרייך דאס ווארט „רעליגיעז", ווייל ישוב ארץ ישראל איז א מצוה פון די תרי"ג מצוות און די קהלה איז מחויב, אפילו אין די ענגע ראהמען, וועלכע די געזעצגעבונג האט איהר געגעבען, צו בעפאסען מיט ישוב א"י, אלס מיט א רעליגיעזע פראגע). אויב איהר זענט נישט מודה אין א יודישע נאציאנאלע שפראך, טא וועט איהר געבען דעם יודישען חנוך, דעם ערציהונגס-וועזען, א גאנץ פאלשע ריכטונג. מיר ווילען האבען א קהלה, וועלכע זאל איבערנעמען די פיהרונג אין דעם יודישען ערציהונגס-וועזען און זאל עס פיהרען אין די געהעריגע נאציאנאלע באנען.

אט דאס איז אונזער תשובה אויף דער פראגע: פארוואס נאר מיר? נישט קיין פארטיי-שאוויניזם, נישט קיין יאגען נאך דער מאכט איז דער לייט-מאטיוו פון אונזער פאדערונג. איך בדויך נישט קיין נעמען צו רופען, אבער ס'איז א יעדען בעקאנט, אז מענשען מיט פעהיקייטען, וועלכע זענען אמאל געוועזען אסימילאנטען און זענען דערנאך — איינזעהענדיג זייער טעות — פריי און אהן איינשרענקונגען איינגעטרעטען אין אונזער לאגער, נעמען אן פיהרענדע שטעלונגען אין אונזער בעוועגונג. דאס איז א בעווייז, אז מיר זענען נישט עגאאיסטיש און נישט ענגהערציג. דער לייט-מאטיוו פון אונזער פאליטיק איז אונזער יודיש אידעאל, דאס אידעאל, וועלכעס איז דער צענטראל-פונקט פון אונזער פיהלען און דענקען. די יודישע וועהלער פערשטעהען דאס און ווען עס זענען וואהלען אין טארנע, צי זענען עס סיים-וואהלען, צי זענען עס קהל-וואהלען, זיי ענפערען תמיד מיט זייער שטימצעטל: פארוואס נאר מיר.

אויך זונטאג וועלען זיי אונז ווייטער שענקען דאס פערטרויען און שטימען אויף ליסטע נר. 5

—0—

**Dodatek do „Tygodnika Żydowskiego" Nr. 24.**

טאַרנע, 22 יוני 1934 ט' תמוז תרצ"ד

# יודיש וואכענבלאט

ארגאן פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין טארנע.

רעדאקציע און אדמיניסטראציע גאלדהאמערא 3 — אפען פון 4 ביז 5

## יודען! וועהלער! דערלויבט נישט, אז צו דער מאכט אין דער קהלה זאלען קומען קארומפירטע יחידים! שטימט אויף ליסטע נר. 5

# פאר דער זעלבסט־עמאנציפאציע

## פונם טארנער יודענטום.

פארוואס געהען מיר ציוניסטען אין וואהל קאמף צו קהל? אונזער פאליטישע פערגאנגענהייט און אונזער טעטיקייט אין דער געוועזענער פאלקס-קהלה ערשפארט אונז די מיה ערשט צו בעווייזען, אז אונזערע קאנדידאטען זוכען נישט קיין פערזענליכען פארטייל ביי זייער ארבייט אין דער קהלה. אין אונזערע צייטען האט מען נישט אויסגעצאהלט קיין עפענטליכע געלדער אויף דעם געהיימניספולען אופן, וועלכער איז אריבערגעגאנגען אין די געשיכטע מיט דעם נאמען „N. N. פאזיציעס". מיר האבען נישט פערזארגט קיין בערופס-וואהלמאכערס מיט סינעקורען אויף קאסטען פון יודישע שטייערצאהלער און אונזערע מיטגלידער פונם ראט און פון דער פערוואלטונג האבען נישט בעשטימט פאר זייערע קינדער קיין געהאלט פון דער קהל-קאסע, געבענדיג זיי טיטלען פון דיינים.

די חשובע וועהלער ווייסען דאס גאנץ גוט און מיר האלטען עס דערפאר נישט פאר נויטיג זיך פאר זיי מיט די דאזיגע „מעלות" — וועלכע זענען פאר א יעדען ערליכען מענש פשוטע זעלבסטפערשטענדליכקייטען — פארצושטעלען. די חשובע וועהלער ווייסען אויך, אז נישט צוליב דעם כבוד פון א מאנדאט-טרעגער געהען מיר צום וואהל-קאמף. מיר זענען ווייט ענטפערנט דערפון גערינגצושעצען דעם כבוד צו געניסען דאס פערטרויען פון די יודישע פאלקס-מאסען, אבער טאקע דערפאר וואס מיר שעצען אזוי הויך דעם ווילען פון פאלק, האלטען מיר עס פאר אונזער חוב נאר דעמאלט זיך צו בעווערבען וועגען א פאלקס-מאנדאט, ווען מיר קאנען אויף דעם אונז אנפערטרויטען פאסטען דינען די אינטערעסען פונם פאלק, דאגעגען האלטען מיר עס פאר א חלול הקודש, אויב מען צירט זיך מיט דער קרוין פון א מאנדאט, נישט ערפילענדיג גלייכצייטיג די פליכטען, וועלכע זענען דערמיט פערבונדען. מיר האבען דאס בולט בעוויזען ביי די לעצטע וואהלען צום שטאטראט, ווען אומגעבעטענע יודישע פערזארגערס האבען מיטגעהאלפען בעקירצען די זייט צענדלינגער יאהרען ערווארבענע רעכט פון דער יודישער בעפעלקערונג אין טארנע. ווען מיר האבען איינגעזעהען, אז מיט דעם אננעמען פון די אנגעבאטענע מאנדאטען וועט דאס בעטראכט ווערען אלס א הסכמה אויף דער בעקירצונג פון די יודישע רעכט, דעמאלט האבען מיר אלס צייכען פון פראטעסט צוריקגעוויזען די בעטייליגונג ביי דער וואהל, נישט וועלענדיג דאדורך סאנקציאנירען די עוולה, וועלכע איז געווארען געטון דעם גאנצען יודענטום פון טארנע.

דאדורך עבען, ווייל נישט קיין אייגעננוץ און נישט קיין כבוד, קאנען בילדען דעם כוח, וועלכער זאל אונז טרייבען צום וואהלקאמף. עבען דאדורך איז נויטיג אינם מאמענט פון ענטשיידונג זיך קלאר און דייטליך צו שטעלען די פראגע: פארוואס געהען מיר צום וואהל קאמף?

פאר די יודען אין די גלות לענדער איז די קהלה דער איינציגער סימבאל פון אויטאנאמען פאלקס-לעבען; דאס איז דאס איינציגע ווינקעלע פון דורך געזעץ סאנקציאנירטער אינערער יודישער זעלבסטפערוואלטונג. בפרט מיר יודען אין קליינפוילען האבען שוין א טראדיציע פון מעהרערע צעהנדלינגער יאהרען צו לעבען אונזער אויטאנאָם יודיש לעבען אין ראהמען פון דער קהלה.

זענען אבער אויפגעשטאנען אין אונזער מיטע פינסטערע כחות, וועלכע האבען זיך גענומען צו דער אויפגאבע אונטערצוגראבען מיט אלע דערלויבטע און נישט דערלויבטע מיטלען די יסודות פון אט דער לעצטער און איינציגער פעסטונג פון דער יודישער אויטאָנאָמיע אין גלות. די דאזיגע פינסטערע כחות, וועלכע מוזען בלייבען ווי מצרעים מחוץ למחנה אזוי לאנג ווי דער געזונטער פאָלקס-אינסטינקט איז דער ענשיידענדער כח אין דער יודישער גאס, האבען מיט אלע כחות געשטרעבט דערצו, צי פערלעשען דעם לעצטען פונק פון יודישער זעלבסטשטענדיקייט, מיט אנדערע ווערטער, צו פערניכטען די פרייגעוועהלטע פאלקס-קהלה. ליידער איז זיי דאס — א דאנק דער נישט אינפארמירטקייט פון די מאסגעבענדע מלוכה-פאקטארען אין אינערע יודישע ענינים — אין א סך פאלען געלונגען און אויך די לעצטע פרייגעוועהלטע פאלקס-קהלה אין טארנע איז געפאלען א קרבן פון די אינטריגעס פון געוויסענלאזע פעררעטער פונם אייגענעם פאלק. ביי דעם יודישען פאלק פון טארנע איז צוגענומען געווארען די פרייהייט פון זעלבספערוואלטונג, עס איז ביי אים צוגענומען געווארען די אויטאָנאָמיע און עס איז געשטעלט אונטער דער קוראטעל פון פערשידענע מאנדאטען-יעגערס און N. N.-גבורים. יאהרען לאנג האט דער ארימער קהל-שטייערצאהלער פון טארנע געמוזט צוקוקען ווי אויפגעווארפענע אפוטרופסים פערשווענדען דאס פאלקס-פערמעגען פאר פערשידענע פראטעקציאנסקינדער און נידריגע וואהלמאכער, וואס זייער כלומר'שטער „פערדינסט" איז איינציג און אליין זייער פערראט פון די יודישע אינטערעסען.

מיר ציוניסטען האבען אין ווארט און שריפט געקעמפט פאר דער ווידערעראָבערונג פון דער יודישער זעלבסטשטענדיקייט אין טארנע. מיר האבען אויפגעקלערט און געווארענט פאר דער שעדליכער פאליטיק פון אומפעראנטווארטליכע אפוטרופסים. מיר האבען געמאהנט און געפאָדערט דאס אויפהויבען פון דער בעשעמענדער קוראטעל, אונטער וועלכער ס'געפינט זיך א גאנצע פאלקס-געמיינשאפט און דאס צוריקגעבען פון זיין געזעצליכער פרייהייט דעם טארנער יודענטום און — מיר מעגען עס זאגען מיט שטאלץ — אונזער קול איז נישט געבליבען קיין קול קורא במדבר. די מאסגעבענדע מלוכה-פאקטארען — נאכדעם ווי זיי האבען געמאכט עטליכע נישט געלונגענע עקספערימענטען מיט אנגעווארפענע „קוראטאָרען" — האבען ענדליך איינגעזעהען, אז א גאנץ פאלק קאן מען נישט אויף די דויער בינדען די הענד און איהם אנווארפען זיינע „פערזארגערס" און אזוי איז עס געקומען, אז מיר שטעהען איצט פאר קהל-וואהלען.

איצט האט דער יודישער וועהלער ווידער זיין וואפע, דאס שטימצעטעל אין דער האנד. ווי אזוי וועט ער רעאגירען אויף די צוריקגעוואונענע פרייהייט?

דאס טארנער יודענטום איז פאליטיש רייף און עס ווייס „מה שתשיב לאפוטרופוס". דער קהל וועהלער אין טארנע וועט מיט פעראכטונג אוועקשטופען פון זיך די אלע פעררעטערס, וועלכע זענען דירעקט אדער אונדירעקט פעראנטווארטליך פאר דער אויפלעזונג פון דער פרייגעוועהלטער קהלה און פאר דעם איינפיהרען פון קאמיסארען. צו די, וועלען האבען די העזה, נאך דעם בעגאנגענעם פערראט, צו קומען צו דעם פערראטענעם וועהלער נאך דעם שטימצעטעל, דעם וועט דער פרייער וועהלער שטעלען די פראגע: „הלנו אתה או לצרינו?" האסט דו געקעמפט פאר פאלקס-פרייהייט, אדער האסט דו געהאלפען פערראטען דיין פאלק? האסט דו מיט שטאלץ אבגעוועהרט דעם יודישען כבוד אדער האסט דו אויסגעבעטעלט ביים פריץ א בענקעל נעבען דעם אנגעווארפענעם אפוטרופוס? געהערסט דו נישט צו „לנו" נאר צו „לצרינו" דאן איז דיין פלאץ מחוץ למחנה, ווייל מיר וואכען דאריבער, אז „ויהי מחנך קדוש", דו אבער האסט די קדושה מחלל געוועזן.

און אין דער תשובה איז אויך ענטהאלטען די אנטווארט אויף אין אנהויב פון אונזערע אויספיהרונגען געשטעלטע פראגע פארוואס מיר ציוניסטען געהען צום וואהלקאמף. ביי דעם איצטיגען וואהלקאמף דארף קודם כל צוריק עראבערט ווערען די זעלבסטעמאנציפאציע פונם טארנאוער יודענטום. עס מוז איין מאל פאר אלע מאל א סוף געמאכט ווערען מיט אומגעבעטענע פערזארגערס און פאלקס-פעררעטערס און די פערוואלטונג פון די יודישע פאלקס-אינטערעסען מוז דאס פאלק אליין בעהאלטען אין זיינע הענד.

יודישער וועהלער! בעפריי זיך אליין!

ה־ן

# צי בעקעמפען מיר די „ארטאדאקסיע"?

מיר שרייבען „ארטאדאקסיע" מיט גענזענפיסלעך, ווייל נאר וועגען דער מכלומר'שטער ארטאדאקסיע ווילען מיר איצט רעדען דען דער טייל בעפעלקערונג, פאר וועלכע די רעליגיע איז א הייליקייט און לעבענסאינהאלט, דער טייל בילדעט בכלל נישט קיין שום פאליטישען לאגער און איז איבערהויפט נישט קיין פרינציפיעלער געגנער פון ציוניזם. יודען באמת פרומע זעהען מיר אין דער יודישער גאס צווישען אלע פאלקס-שיכטען. עס זענען פארהאנען פרומע סוחרים, פרומע בעלי מלאכה, אפילו פרומע ארבייטער און נישט זעלטען איז אויך דער טיפ פון א פרומען יודישען אינטעליגענט. יעדער דריקט נאטירליך אויס זיין רעליגיאזיטעט און פרומקייט אויף זיין שטייגער. פארשטייט זיך, אז די ציוניסטישע ארגאניזאציע האט אין איהרע רייען א גאנץ באדייטענדע צאהל פרומע יודען אין די „מזרחי", וועלכע שטייען מיט זייער פרומקייט גאר נישט נידריגער ווי דער פרומסטער פון „קלויז".

קיין שום באמת פרומער יוד פערלאנגט אבער נישט עפיס א לוין פאר זיין פרומקייט, די יודען וועלכע שטעלען ארויס די תורה און דת אלס פאליטישע קאמפס פאראָלע, דאס זענען פשוטע שארלאטאנס, וועלכע אונטער דער מאסקע פון רעליגיע שטרעבען זיי צו גאנץ נידריגע, קאנקרעטע בכלל נישט הימעלדיגע ציעלען...

אויב איהר וועט גוט בעטראכטען איבעראל די דאזיגע „רעליגיעזע פאנאטיקער" וועט איהר זיך איבערצייגען, אז דאס זענען געמיינע אינטריגאנטען, מאוסע ברואים און מיט זייער „הייליגען קאמף" זענען זיי נאר מחלל את השם. א באמת פרומען יוד נעמט אן א ציטער פאר זייערע עקלהאפטיגע מעשים און מיט אבשיי ווענדעט ער זיך אב פון די דאזיגע העלדען, וועלכע זענען נאר אויסען זייערע פריוואטע אינטערעסען.

יעדער פאנאטיזם קאן צוואר ברענגען צו שלעכטע רעזולטאטען, נאר טאמער האבען מיר אבער צו טוען מיט א פאנאטיקער פון א געוויסער אידעע אדער אמונה, מיט א פאנאטיקער א עהרליכען, אויפריכטיגען און טיפגלויבענדיגען, מוזען מיר בויגען

# Hołd Tarnowa dla zwłok śp. Min. Pierackiego.

Od pierwszej chwili, gdy do Tarnowa dotarła wieść o tragicznej śmierci Ministra Spraw Wewn. śp. Bronisława Pierackiego, całe miasto pozostaje pod wstrząsającem wrażeniem popełnionej zbrodni. Z budynków rządowych i samorządowych powiewały flagi państwowe, przybrane krepą i spuszczone do połowy masztu. Lokale rozrywkowe były w dniach 18 i 19 bm. zamknięte, a wszelkie rozrywki publiczne zakazane.

Zwłoki śp. Ministra Pierackiego, które w przejeździe z Warszawy do Nowego Sącza przybyły do Tarnowa w poniadziałek 18 bm. o godzinie 21·49, miasto nasze żegnało manifestacją żałobną, która miała imponujący przebieg.

W poniedziałek dnia 18 bm. o godz. 19 odbyła się akademja żałobna na boisku sportowem 16 pp. przy ul. Marsz. Piłsudskiego przy udziale wielotysięcznych rzesz publiczności z wszystkich sfer. Na znak rozpoczęcia akademji odezwały się fanfary, poczem pp. pułk. Broniowski i inż. Kruszyna wygłosili przemówienia, poświęcone wielkiej postaci tragicznie zmarłego Ministra, który całe Swoje życie poświęcił Ojczyźnie i był jednym z najlepszych i najbardziej zasłużonych Synów Polski.

Po przemówieniu p. pułk. Broniowskiego zebrani uczcili pamięć Zmarłego przez jednominutowe milczenie.

Po odegraniu hymnu państwowego uformował się potężny kilkutysięczny pochód w następującym porządku: Kompanja honorowa 16 pp., szwadron honorowy 5 p. s. k. z orkiestrą i sztandarami, poczty sztandarowe wszystkich organizacyj, kawalerowie orderu „Virtuti Militari", korpus oficerski, przedstawiciele władz, duchowieństwa i urzędów posłowie i senatorowie, Rada miejska, prezydjum BBWR, organizacje, wchodzące w skład federacyj Polskich Związków Obrońców Ojczyzny ze Związkiem Legjonistów na czele, Związek Strzelecki, Organizacje P. W. i organizacje społeczne.

Z pośród żydowskich instytucyj i organizacyj brały udział: Delegacja żyd. Gminy Wyzn. w osobach pp. Aberdama, Engländera i Gewürza, rabinat z rabinem Kirschenbaumem na czele, delegacja organizacji sjonistycznej w osobach pp. Dra Chometa, Dra Schenkla, Dra Goldberga, Dra Mandla Abrahama Spielmana i Dra Grünberga, delegacja Mizrachi w osobach pp. Wolfa Götzlera i Chiela Kurza, delegacje organizacyj młodzieży ogólno-sjonistycznej Hanoar Hacijoni i Akiba ze sztandarami, ZTGS. Samson z prezesem Drem Mendererem na czele ze sztandarem, Brith Trumpeldor, Haszomer Hadati, oddział związku kombatantów żydowskich z pp. sso. Drem Merzem i Drem B. Speiserem na czele, związek inwalidów żydowskich oraz związek rzemieślników żydowskich.

Pochód przeszedł ulicami: ul. Marsz. Piłsudskiego, obok Grobu Nieznanego Żołnierza, ul. Wałową i Krakowską na dworzec kolejowy. Na ulicach, któremi przeszedł pochód, były tłumy publiczności.

Po przyjeździe pociągu poszczególne delegacje złożyły wieńce na trumnie śp. Ministra Pierackiego, poczem wszystkie organizacje społeczne przedefilowały czwórkami przed wagonem ze zwłokami.

Przez cały czas postoju pociągu na stacji w Tarnowie, dzwony wszystkich kościołów tarnowskich dzwoniły, zaś syreny wszystkich zakładów pracy powitały i pożegnały odjeżdżający pociąg.

Nazajutrz o godz 9 rano odbyły się w katedrze i Nowej Synagodze nabożeństwa żałobne. W Nowej Synagodze w obecności delegatów władz wojskowości, sądu, Gminy żyd. rabinatu, Org. Sjon. i innych i licznie zebranej publiczności odprawił modły kantor Rosenblat wraz z chórem.

Przemówienie wygłosił p. prof. Wachtel, poczem chór odśpiewał hymn państwowy. Podczas nabożeństwa praca stanęła we wszystkich warsztatach, a sklepy były zamknięte.

Z powodu tragicznego zgonu śp. Ministra Spraw Wewn. Bronisława Pierackiego Zarząd żyd. Gminy Wyzn. wraz z rabinatem odbył pod przewodnictwem prezesa p. Chaima Aberdama żałobne posiedzenie, na którem po wygłoszeniu przemówienia wysłano telegram kondolencyjny na ręce Rządu. Ponadto Zarząd wezwał wszystkie organizacje i związki do gremjalnego udziału w żałobnym pochodzie, który się odbył w poniedziałek w czasie przejazdu pociągu, wiozącego zwłoki śp. Ministra Pierackiego.

Nazajutrz odbyło się z inicjatywy Zarządu kahalnego w Nowej Synagodze nabożeństwo żałobne.

# Listą narodowego żydostwa w Tarnowie jest lista zjednoczonych stronnictw sjonistycznych Nr. 5

## Nasz cel.

Celem naszym jest rozbudowa Gminy żydowskiej jako organu woli zbiorowej całego społeczeństwa żydowskiego. Musimy wybrać taką reprezentację gminną, która nie ugnie się pod ciężarem rozpaczliwych stosunków, w jakich żyją obecnie Żydzi. Na czele Gminy żydowskiej stanąć musi Rada, która zdolną będzie ująć w swe ręce ster żydowskich spraw gminnych i któraby miała należyte zrozumienie dla naszych bolów, cierpień i żalów. Do Zarządu Gminy żydowskiej wejść muszą tylko tacy Żydzi, którzy przejęci są umiłowaniem i przywiązaniem do naszej przeszłości, a których serca pełne są wiary w przyszłość żydowską.

Pielęgnowanie języka hebrajskiego i wogóle kultury żydowskiej, głęboka troska o zaspokojenia potrzeb religijnych żydostwa, praca nad udoskonaleniem i zdrowem ufundowaniem szkolnictwa żydowskiego, pogłębianie żydowskiego wychowania młodzieży, tak pod względem rozwoju fizycznego jak i duchowego, współpraca nad rozwiązaniem współczesnych zagadnień życia żydowskiego, praca nad ulżeniem nędzy szerokich warstw pauperyzującego się społeczeństwa naszego, zrozumienie dla konieczności przewartwowienia tychże warstw, zupełne oddanie się sprawie odbudowy Palestyny. Oto walory, które musi posiadać Żyd ubiegający się o mandat do kahału.

Żydowska Rada Wyznaniowa z takich przedstawicieli się składająca będzie tem ogniskiem, około którego skupiać się będą masy żydowskie w ich codziennej walce o byt, w ich troskach o zaspokojenie wszelkich potrzeb duchowych i materjalnych. Rada taka zdolną będzie wyłonić z siebie Zarząd, który nie będzie tylko aparatem administracyjnym do inkasowania krypki i rozdzielania jałmużny, lecz będzie godną reprezentacją całego społeczeństwa żydowskiego a przedewszystkiem Zarząd przez taką Radę utworzony będzie sumiennie i należycie zawiadywał gospodarką Gminy żydowskiej.

Wobec takiego ogromu zadań Gminy żydowskiej wyznaniowej i ich ważności dla życia żydowskiego, o mandaty do kahału ubiegać się mają tylko partje, które zdały już egzamin ze swej działalności pozytywnej i owocnej na ulicy żydowskiej, które zaskarbiły sobie już uznanie i kredyt mas żydowskich.

Dziś już nikt nie zaprzeczy, że gdziekolwiek chodzi o sprawę ogólno-żydowską, gdzie tylko krzywda jakaś Żydom się dzieje, gdzie na szwank narażoną jest godność żydowska, gdzie walka o obronę zagrożonych praw żydowskich się toczy — wszędzie pierwsze miejsce zajmują sjoniści.

Porwaliśmy w naszej nieugiętej walce i pracy o lepsze jutro żydowskie wszystkich. Dziś już nikt się nie wstydzi swego żydostwa. Zgnębiliśmy zupełnie asymilację. A jeżeli tu i ówdzie zjawia się znowu zmora asymilacji, to kryje się ona pod inną flagą.

Żydzi tarnowscy znają naszą pracę. I już nieraz dali dowód swego zaufania do nas.

I w niedzielę dnia 24 czerwca Żydzi tarnowscy zamanifestują kartką wyborczą, że zaufanie mają tylko do sjonistów.

To zaufanie tylekroć nam okazane jest dla nas bodźcem do ciężkiej i ofiarnej pracy i dodaje nam otuchy we walce o zwycięstwo naszych ideałów.

Żydzi tarnowscy nie opuszczą nas i w niedzielę dnia 24 czerwca masowo głosować będą na listę **Nr. 5.**

## Do młodzieży sjonistycznej.

W niedzielę, dnia 24 bm. musi cała młodzież sjonistyczna zgłosić się o godz. 8 rano w lokalach wyborczych.

Przydział organizacyj jest następujący:

w lokalu org. sjon. przy ul. Golhamera 3 — Bnej Sjon, Haszachar, Samson, Betar i oddział Hanoaru;

w lokalu org. Hanoar Hacijoni przy ul. Marcina 12 — gdud I Hanoaru, Cejrej Mizrachi, Haszomer Hadati, Brith-Hakanaim;

w lokalu org. „Akiba" przy ul. Szpitalnej — Akiba, Ż. M. S., gdud II Hanoaru, Hechaluc Haklal Cijoni, Hechaluc Hamdinati i Hechaluc Hamizrachi.

**Blok Narodowo-Żydowski.**

## Ogłoszenie.

Przyjmuję zgłoszenia na kolonję letnią do Rabki na czas od 20 lipca do 20 sierpnia br., która będzie nadal prowadzona we willi, gdzie mieści się kolonja „Safa Berura". Rodzice, którzy wysłali swe dzieci na kolonję letnią „Safa Berura" a reflektują pozostawić je na miesiąc następny winni również zgłosić na czas.

Warunki i szczegóły u p. Weinbergowej, Krakowska 20 I. piętro od godz. 11—12 i od 3—5 codziennie.

**W sobotę 23 bm. o godzinie 2·30 odbędzie się w sali organizacji sjonistycznej przy ul. Goldhamera 3**

**ZGROMADZENIE MŁODZIEŻY SJONISTYCZNEJ**

**z porządkiem dziennym**

**WYBORY DO KAHAŁU**

**Referować będą przedstawiele organizacyj młodzieży.**

## Jeszcze czas.

Od rozwiązania Rady i Zarządu Żydowskiej Gminy Wyznaniowej w Tarnowie upłynęło już kilka lat. W ciągu tego krótkiego czasu zmieniły się gruntownie warunki naszego bytowania.

Zdajemy sobie sprawę z tego, że nie czas obecnie na walki wyborcze. Masy żydowskie znękane ciężką walką o byt, o prawo do życia, o prawo do pracy, przez cały czasokres nieładu i anarchji w tutejszej Gminie żydowskiej nie rozumiały, dlaczego nie daje im się możności wybrania takiej reprezentacji gminnej, do którejby miały pełne zaufanie.

I jeszcze w ostatniej chwili rozumiejąc ciężkie położenie mas żydowskich chcieliśmy uniknąć walki wyborczej. Chcieliśmy zapewnić żydostwu tarnowskiemu reprezentację w Żyd. Gminie Wyznaniowej bez walki kosztownej. I choć nie boimy się tej walki, choć ją podjęliśmy — to jednak byliśmy zdania, że ludzie dobrej woli, ludzie uczciwi, nie zaślepieni, nie zaczadzeni stęchlizną izdebek, opanowanych przez nieodpowiedzialnych bogobojników, którzy dla swej ambicji, dla swego prywatnego interesu poświęcą najżywotniejsze sprawy żydostwa całego, znajdą wspólną platformę dla pracy dla dobra tutejszej Gminy Wyznaniowej.

Są jednak tacy, którym współpraca nie jest na rękę. Aguda nawet i na tym drobnym odcinku naszego życia żydowskiego musi odegrać swą burzącą, niszczycielską rolę. I jak wszędzie na świecie Aguda stanowi ferment szkodliwy, rozbijający, przeciwstawiający się wszystkim pozytywnym siłom żydostwa, tak i w Tarnowie Aguda nie chciała się sprzeniewierzyć swojemu „programowi" rozbijania i niszczenia. Nie można było dojść z Agudą do zgody, bo nie mogliśmy dopuścić do tego, aby kompromis stał się kompromitacją dla całej Żydowskiej Gminy Wyznaniowej w Tarnowie.

Wobec tego rozgorzała walka wyborcza. My sjoniści walczymy nie o krzesła. Walczymy o zwycięstwo dla naszego programu kahalnego.

Prowadzimy z innemi ugrupowaniami walkę ideową. Staramy się wpłynąć na wyborców propagandą słowną, pisemną. Walka wyborcza to dla nas sposobność do uświadamiania najszerszych mas żydowskich. Prowadzimy tę walkę nie szwindlami, szachrajstwami, nie sprowadzamy na dzień wyborów zwolenników z okolicznych miast i miasteczek, aby głosowali za innych. Nie posługujemy się denuncjacjami i oszczerstwami, aby zawładnąć aparatem wyborczym.

Stanęliśmy do walki ideowej i do takiej walki wzywamy wszystkie inne ugrupowania, które ubiegają się o mandaty do Żyd. Gminy Wyznaniowej. Apelujemy do wszystkich naszych konkurentów, aby nie zapomnieli, że my Żydzi mamy zdać egzamin dojrzałości politycznej. Godność żydowska tego wymaga, aby dzień wyborów do kahału tarnowskiego nie stał się hańbą dla żydostwa tarn. Wstyd pisać o wszystkiem. Wstyd wymienić wszystkie kruczki i sztuczki puszczone w ruch przez „obrońców Tory". Ale jeszcze czas. Jeszcze czas nadać walce wyborczej charakter poważny, ideowy.

ac.

## Na posterunku.

Zanim los tarnowskiego kahału na długie lata się rozstrzygnie, jeszcze raz zwracamy się do całego społeczeństwa żydowskiego z gorącym apelem.

Do całego społeczeństwa żydowskiego! Do sjonistów, do naszych zorganizowanych towarzyszy, by stanęli do apelu i pomni ważności chwili spełnili karnie swój obowiązek.

Ale także do niesjonistów — do jeszcze niesjonistów, do tych wszystkich, którzy całem sercem są u nas i pełni są podziwu dla wielkiego dzieła sjonistycznego a tylko dla tych czy innych względów nie są jeszcze zorganizowanymi członkami wielkiej organizacji sjonistycznej.

W końcu do wielkiej rzeszy indyferentów, którzy stoją na uboczu, i unikając decyzji stawiają się sami poza nawias życia publicznego.

Do tych wszystkich wołamy w ostatniej chwili: pamiętajcie, że o wielką rzecz walka się toczy.

Dla nas to nie walka o osoby — dla nas jest to święty bój o duszę żydowską, o honor żydowski i o przyszłość żydostwa.

Pięćdziesiąt lat pracy mamy za sobą — pracy uświadamiającej, pracy organizatorskiej, pracy budującej przyszłość narodu — pracy pełnej ofiar i poświęceń. Pracy, dzięki której żydostwo z letargu wyrwane i ku świetlanej przyszłości poprowadzonem zostało.

I w imię tej pracy, przed którą cały świat się korzy, żądamy od was waszego zaufania. Żądamy waszego zaufania, wyborcy, by móc w kahale zrealizować nasz program. By móc stworzyć godną reprezentację ludności żydowskiej, stojącą na straży żywotnych jego interesów.

Żądamy waszego zaufania, by **Wam** móc służyć.

Dzień 24 czerwca musi być dniem walnej rozprawy ze wszystkiem, co nie dla ogółu żydowskiego, lecz tylko dla siebie wyciąga łapczywą rękę po mandat kahalny. Dzień ten musi być dniem sromotnej klęski dla wszystkiego, co ciemne i destruktywne w ulicy żydowskiej. Musi być dniem hańby dla wszystkich, którzy przeciwstawiają się naszemu pędowi ku nowemu życiu.

I dlatego, wyborcy, głosami swemi musicie należytą dać odprawę zarówno tym, którzy świętość religji wywlekają na rynek handlu politycznego i najświętszemi uczuciami ludzkimi frymarczą gwoli wyszachrowania jakiegoś mandatu jak i tym, którzy pod maską bezpartyjności ukrywają swe ubóstwo ideowe i tylko zamęt szerzyć chcą w ulicy żydowskiej.

Dzień 24 czerwca niechaj będzie dniem bezlitosnego sądu nad wszystkiem, co obłudne i złe w społeczeństwie żydowskiem.

Gdy z oparów nocnych zaświta dzień wyborów — niechaj każdy będzie na swym posterunku!

---

Tow. Wolfowi Spirze z powodu zgonu Jego błp. Ojca wyraża szczere współczucie

**Komitet Lokalny org. sjońskiej w Tarnowie**

---

## Środki Agudy ..

Aguda koniecznie chce zwyciężyć. Koniecznie. Nawet przy pomocy niedozwolonych środków. Na liście wyborców umieszczono kilkaset nazwisk nieuprawnionych w myśl ustawy do głosowania. Dla wykorzystania tego faktu Aguda zamawia sobie „bucherów" z prowincji na dzień wyborów, by mogli głosować na wszystkie te fikcyjne nazwiska.

W naszem posiadaniu znajduje się list pisany z jednego z okolicznych miasteczek i odsłaniający całe te potajemne przygotowania Agudy.

Otóż czytamy w tym liście (cytujemy dosłownie w tłómaczeniu z żydowskiego). „Pragnę was zawiadomić, że widziałem list Agudy tarnowskiej do tutejszej Agudy, w którym pisze obszernie, by broń Boże w niedzielę 24 czerwca nie zabraknął w Tarnowie ani jeden młodzieniec agudowski dla agitacji i głosowania za innych ludzi, gdyż ich w Tarnowie się nie zna, to ich dopuszczą do głosowania. Tarnowska Aguda pisze, że grozi niebezpieczeństwo tak ze strony sjonistów jak i ze strony innych, którzy połączyli się przeciw niej, by ją zniszczyć. Musi się ratować Agudę, gdyż nie chodzi tylko o honor Agudy tarnowskiej, lecz o honor Agudy w całej Polsce. Starosta domaga się ustanowienia rabina, a ona musi zwyciężyć, by mogła wybrać rabina jakiego zechce itp. Piszą więc, by napewno przyjechali z... wszyscy jak jeden mąż, by żaden nie zabraknął, a Aguda tarnowska obiecuje, że wszystkich weźmie na swoje utrzymanie i pokryje wszelkie wydatki, nocleg i jedzenie. Prezydent tutejszej Agudy pokazał mi ten list w tajemnicy z zastrzeżeniem, by broń Boże nikt się o tem nie dowiedział ani w..... ani też w Tarnowie. Szczególnie nie w Tarnowie. Jeżeli bowiem dowiedzą się o tem w Tarnowie, to przegrali. Tak powiedział mi prezydent. Zaprzysiągł mnie prawie, bym nie opowiadał. Takie listy Aguda rozesłała do wszystkich bucherów agudowskich w Mielcu i Dąbrowie i in. Piszę Wam o tem, bo może wiadomość ta jest Wam pożyteczna".

Takiemi to środkami Aguda chce zdobyć mandaty w kahale. My zaś z naszej strony w każdym pojedynczym wypadku skorzystamy z praw, jakie nam daje ustawa. Radzimy „bucherom", by 24 b. m. pozostali w swych domach i poświęcili się w nauce.

---

Z okazji zaślubin Dr Heli Ladner z Drem Mojżeszem Osterweilem serdecznie gratulują

**Janek Grünspan, Dawid Messinger**

---

# Gdzie głosować?

Głosowanie odbędzie się w niedzielę, dnia 24 bm. od godz. 8 rano do godz. 8 wiecz. w czterech lokalach wyborczych a mianowicie:

1) w biurze Żyd. Gminy Wyzn. przy ul. Nowej dla wyborców od **A—F** włącznie;

2) w szkole fund. Barona Hirscha, Topolowa 2 dla wyborców od **G—K** włącznie;

3) w szkole im. Król. Jadwigi. pl. Wolności dla wyborców od **L—R** włącznie;

4) w szkole im. Słowackiego, pl. Wolności dla wyborców od **S—Z** włącznie.

**Lokale wyborcze Bloku Narodowo-Żydowskiego Nr. 5, gdzie można otrzymać wszelkie możliwe informacje znajdują się:**

1) w lokalu org. sjon., ul. Goldhamera 3 dla wyborców od **A—F.**

2) w lokalu org. Hanoar ul. Marcina 12 dla wyborców od **G—K.**

3) w lokalu org. Akiba, ul. Szpitalna 26 dla wyborców od **L—R.**

4) w lokalu org. Akiba, ul. Szpitalna 26 dla wyborców od **S—Z.**

Główny lokal wyborczy listy Nr. 5 znajduje się w lokalu org. sjonistycznej przy ul. Goldhamera 3.

**Głosujcie na listę Nr. 5.**

---

# Sjoniści do pracy!

Zbliża się dzień wyborów do kahału:

Zbliża się chwila, która okaże, czy praca wszelkich frakcyj sjonistycznych, złączonych pod wspólnym sztandarem biało-niebieskim nad uświadomieniem narodowem mas żydowskich była wystarczającą, czy też jeszcze za mało w tym kierunku zdziałano.

Zbliża się moment, który będzie próbą sił pomiędzy partją sjonistyczną, walczącą od dziesiątek lat o zdobycie lepszej i jaśniejszej przyszłości dla społeczeństwa żydowskiego, a naszymi przeciwnikami, pojawiającymi się na ulicy żydowskiej sporadycznie jedynie w porze przedwyborczej.

Zbliża się dzień walki o kahał, dzień, w którym masy żydowskie ostatecznie opowiedzą się do kogo mają zaufanie i w czyje ręce chcą złożyć prowadzenie swych najżywotniejszych interesów.

Zdobycie kahału jest jedną z najważniejszych zasad, postulatem pierwszorzędnej wagi, który nam zostawił w spadku nasz wielki wódz — Teodor Herzl. Jego słowa są dla nas święte, one się stają dla nas rozkazem, który musimy wypełnić, chcąc pozostać wiernym ideologji sjonistycznej i czujnie stać na straży interesów sjonistycznych.

A walka, która się już rozpoczęła będzie ciężką i trudną. Zjednoczyły się przeciwko nam najciemniejsze siły, bezkarnie grasujące na ulicy żydowskiej.

Różne kliki i kliczki, jednostki zupełnie skompromitowane w ulicy żydowskiej mają tę smutną odwagę ubiegania się o głosy społeczeństwa żydowskiego w przypuszczeniu, iż ono o ich grzechach i działaniu wbrew najkonieczniejszym potrzebom ludności żydowskiej już zapomniało!

Wszystkie te elementy, nieprzebierające w walce, dla których każdy środek jest dobry, byleby tylko dojść do upragnionego celu, podały sobie zgodnie dłoń, by stworzyć zjednoczony front, którego celem będzie zniszczenie naszego dorobku o który tyle lat walczyliśmy!

Sjoniści!

Frontowi naszych wrogów winniśmy przeciwstawić nasz zjednoczony front sjonistyczny. Każdy z Was musi stanąć na posterunku i być gotowym na każde nasze hasło, by ruszyć do walki! Musimy wspólnemi siłami odbić podziemne ataki czarnej reakcji, wspomaganej przez zbankrutowaną i zdyskredytowaną klikę asymilitarską i doprowadzić do zwycięstwa i zupełnej realizacji naszych szczytnych postulatów.

Każdy sjonista, stary, czy młody musi sobie zdać sprawę z powagi chwili i stanąć w szyku bojowym, by zadać ostateczny cios naszym przeciwnikom i oczyścić ulicę żydowską z niepożądanych elementów i szkodników sprawy żydowskiej!

Sjoniści!

Oto otrzymujecie od nas wezwanie. Niech nikogo z Was nie braknie w szeregach walczących!

*Komitet wyborczy*

*Zjednoczonych organizacyj sjonistycznych w Tarnowie.*

---

## Ogłoszenie.

Podaje się do publicznej wiadomości, że

p. HOFFNER JOACHIM

kupiec, ur. w r. 1906 w Tustanowicach p. Drohobycz, zamieszkały w Lens (Francja)pl. 29 de la Republique 29.

i p. BEIER BALBINA

ur. w r. 1908 w Tarnowie i zamieszkała w Tarnowie przy ul. Malczewskiego 5

mają zamiar zawrzeć między sobą związek małżeński.

---

## Jak odbywać się będzie głosowanie?

Wybory rozpoczynają się o **godzinie 8 rano** i trwać mają do 8-mej wieczorem.

Na stole w lokalu wyborczym winna stać urna wyborcza do wkładania kartek wyborczych przez cały czas wyborów. Przed rozpoczęciem głosowania, komisja winna się przekonać, czy urna jest pusta. Przez cały czas wyborów wyborcy mają wolny wstęp do lokalu wyborczego, jednakże, w czasie czynności wyborczych, nie wolno w tym lokalu odbywać narad, wygłaszać mów ani agitować. Dopuszczalne są tylko narady i uchwały komisji wypływające z kierownictwa wyborami.

**W JAKI SPOSÓB ODBYWAĆ SIĘ MA GŁOSOWANIE?**

Wyborcy głosują osobiście. Przystępują oni do przewodniczącego z kartką wyborczą, złożoną w taki sposób, aby pismo nie było widoczne. Przewodniczący sprawdza legitymację wyborcy, wręcza mu kopertę do której wyborca własnoręcznie wkłada kartkę wyborczą, poleca wniesienie wzmianki o głosowaniu do listy wyborców i do oddzielnie prowadzonej listy głosowania. poczem przyjmuje od wyborcy kopertę i wrzuca ją bezwłocznie do urny.

**JAK MAJĄ WYGLĄDAĆ KARTKI WYBORCZE?**

Kartki wyborcze i koperty muszą być **z białego papieru i nie mogą nosić żadnych znaków zewnętrznych.** Kartki winny zawierać tylko wypisany numer listy kandydatów, za którą wyborca się oświadcza.

Numer może być wypisany lub odbity. **Nieważne są kartki wyborcze, opatrzone podpisem lub oznaką partyjną, tudzież kartki próżne, nie zawierające numeru listy** lub zawierające, **oprócz numeru** nazwiska kandydatów lub jakikolwiek inny dopisek. Gdyby w jednej kopercie okazało się więcej kartek, to uważa się ja za jedną, jeżeli są jednobrzmiące, w przeciwnym razie są nieważne.

---

## „Dzieci dla dzieci".

Komitet Rodzicielski przy szkołach „Safa Berura" rozpada się — jak wiadomo — na różne sekcje. Bardzo ruchliwą jest m. in. sekcja imprezowa, której przewodniczy p. Dr Blochowa. Pod egidą tejże sekcji odbyło się dnia 3 bm. w sali Sokoła wielkie przedstawienie „Dzieci dla dzieci". W skład programu wchodziły sztuczka hebrajska i polska oraz tańce rytmiczne.

Sztuczkę hebrajską wyreżyserował p. Weinberg. Była to rzecz bardzo trudna, szczególnie dla dzieci w tym wieku. Dzięki jednak wytężonej pracy reżysera wypadła ona bardzo pięknie. To też licznie zgromadzona publiczność wynagrodziła świetną grę młodych amatorów hucznemi oklaskami.

Również dobrze odegrały dzieci komedyjkę polską. Całość odrębną świetnie odkombinowaną stanowiły tańce rytmiczne układu p. Ireny Traumówny, która też kierowała tą częścią przedstawienia Bez przesady rzec można, że p. Traumówna jest mistrzynią w swoim zawodzie. Dzieci bowiem wydawały wszystkie te piękne tańce tak cudownie, że oklaskom zachwyconej publiczności nie było końca: te słodkie dzieciaki musiały prawie wszystkie tańce powtórzyć.

Wszystkie dzieci wywiązały się ze swego zadania znakomicie, a w koszu kwiatów, wręczonym p. Irenie Traum zawarte też było uznanie dla jej niepospolitych zdolności fachowych.

Czysty dochód z tej imprezy przeznaczono na rzecz kolonji wakacyjnej „Safa Berura".

---

## KRONIKA.

**Przezorna polityka finansowa. P. K. O.** posiada 1,500,000 stałych klijentów, którzy składają swoje oszczędności w tej instytucji. Tę olbrzymią popularność P. K. O. zawdzięcza w pierwszym rzędzie przezornej polityce finansowej, niezachwianemu bezpieczeństwu, które zapewnia przyjętym pieniądzom, oraz bezwzględnej tajemnicy wkładów, którą gwarantuje ustawowo.

**STEFAN JARACZ w TARNOWIE. W poniedziałek dn. 25 czerwca br. w sali Sokoła** wystąpi teatr „Nowa Komedja" z Warszawy z mistrzem sceny polskiej Stefanem Jaraczem na czele. Zespół ten, który składa się z najlepszych sił stołecznych i uroczą Marją Modzelewską wystawi ostatnią nowość, przezabawną komedję pełną aktualnego humoru „Firma" Homara. Pozostałe bilety do nabycia w księgarni Seidena.

Wydawca i odpowiedzialny redaktor **Chaim Friedman.** Drukiem I. Engelberga w Tarnowie